## 51.

# די „פּענסיע“

דער טאַטע שטאַל און אייזען פאַר'ן „קלאַסניק.“—דער העלד בעקומט אַ סטיפּענדיע.—אַ רעש אין שטאָדט.—די חלומות וועגען אוצר הויבען אָן מקוים צו ווערען.


ישט אזוי גיך טהוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. דאָס אריינטרעטען אין דער „אויעזדנע“ איז ניט אָנגעקומען אזוי גרינג און ניט אָבגעלאָפען גלאַט. דער ערשטער שטיין אין וועג איז געווען דער פעטער פּיני. ער האָט געארבייט מעשים: סטייטש, נעמען קינדער און מאַכען זיי פאַר גויים בידים!—האָט ער גע'טענה'ט, זיך שטאַרק געערגערט, און האָט זיך ניט בערוהיגט, ביז ער האָט ניט גענומען ביי'ם ברודער דאָס וואָרט, אז ער וועט חאָטש ניט לאָזען זיינע קינדער שרייבען אום שבת. דעם תנאי האָט טאַקי נחום ראבינאָוויטש אויסגענומען מיט'ן דירעקטאָר (סמאָטריטעל) פון דער „אויעזדנע“ בפירוש, אז שבת בעדאַרפען זיינע, ראבינאָוויטשעס, קינדער זיין פריי. נאָך אַ תנאי האָט ראבינאָוויטש אויסגענומען מיט'ן דירעקטאָר (דאָס איז געווען אַ צייט וואָס אידען האָבען דיקטירט תנאים), אז זיינע קינדער זאָלען ניט זיין אין קלאַס, ווען דער גלח גיט אָפּ זיין שטונדע—און אויסגעפיהרט האָט ראבינאָוויטש.

די צווייטע שווערינקייט פאַר די קינדער איז געווען די שפּראַך. זיי האָבען ביי'ם אריינטרעטען אין קלאַס פערשטאַנען אזוי ווינציג רוסיש, אז אַלע האָבען פון זיי געמאַכט חוזק—סאַי דער לעהרער, סאַי

די חברים. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז די ביינק לאַכען. און דאָס האָט דעם ציקאַווען שלום'ען פערדראָסען. ער איז געוואוינט געווען אָפּצולאַכען פון דער גאַנצער וועלט, צום סוף לאַכט מען גאָר פון איהם! . . . און די חברים, די שקצים'לעך, האָבען אויך ניט געשוויגען. קוים האָט זיך געענדיגט דאָס לערנען אין קלאַס און די אידישע קינדער, די „זשידענאַטיעס," האָבען זיך בעוויזען אין הויף, אזוי האָט מען זיי, במחילת כבודם, אוועקגעלעגט אויף דער ערד, און דוקא אין גוטען מוט, צוגעהאַלטען די הענד מיט די פיס, און גוט אָנגעשמירט זיי די אידישע פּיסקעס מיט גויעשען חזיר... געקומען דערנאָך א היים מיט בעטריבטע הערצער, האָבען זיי מורא געהאַט צו דערצעהלען דעם אמת, מען זאָל זיי ניט אָפּנעמען פון די קלאַסען. די שטיעפמאַמע האָט אזוי אויך געקאָכט און גע־גראָבען אויף די „קלאַסניקעס" (אזוי האָבען געהייסען ביי איהר די קינדער נאָכ'ן אריין אין דער אויעזדנע). און וויל שלום איז געווען מעהר מתמיד פון אלע, האָט זי איהם גע'רודפ'ט מעהר פון אלעמען. האָט זיך אָבער געטראָפען א מעשה און מע האָט איהר אָפּגעהאַקט די פליגעל, איז זי געוואָרען שטיל. וכך היה מעשה:

איין מאָל, אין א שענעם פריהמאָרגען, האָט שלום געלערענט, ארומגעשפּאַנט איבער דער שטוב און איינגע'חזר'ט דעם „אוראָק" אויף אויסוועניג, און דער טאַטע איז געשטאַנען אין טלית און תפלין און האָט געדאַווענט. און די שטיעפמאַמע האָט זיך גע־טהאָן איהר ארבייט: זי האָט געיאָדעט דעם טאַטען, אויפגעוואָר־פען איהם די אלטע עבירה, וואָס ער האָט אמאָל פערלייקענט פון איהר די עלטערע און די קלענערע קינדער די מיידלעך, זיך דורכ־געשמועסט וועגען דעם, וואָס פאר א גוטען אַפּעטיט, קיין עין הרע, זיינע קינדער האָבען צום עסען און וואָסערע גוטע מאַגענס זיי פערמאָגען. נישט פערגעסען אָנריהרען אויך די „משפּח'טערע" זיינע . . . דאָס אלסדינג האָט דעם טאַטען נישט געריהרט. ער איז געשטאַנען מיט'ן פּנים צו דער וואַנט און האָט געדאַווענט, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. נאָר אָט האָט זי זיך צעלאָזט

מיט איהר מענה־לשון אויף שלום׳עו, למאי ער געהט ארום און לערענט:

— ער מיינט, דער שענער קלאָסניק, אז חריין איז זיין פעטער און אז ער איז שוין א גאנצער פריץ און איז שוין פטור פון אלסדינג, א חוץ עסען! די סך משרתים, וואָס מע האָט דאָ, מיט די דיענסטען! נישקשה, עס מעג דיר נאָך אָנשטעהן, דו שענער קלאָסניק מיט די אויסגעדרעהטע שטיוועלעך, זיך מטריח זיין אריינטראָגען דעם אורח דעם סאמאָוואר, עס וועט חלילה ניט אָפּפאלען פון דיר קיין האָר אפילו, און צום אפּעטיט וועט דאָס דיר ניט שאדטען, און צום שדוך אודאי ניט . . .

דער „קלאָסניק“ איז שוין גרייט געוועזן אוועקלעגען דעם „אור־ראָק“ און לאָזען זיך אין קיך אריין נאָכ׳ן סאמאָוואר, אז עס טהוט זיך ניט א וואָרף דער טאטע און כאפּט איהם ניט אָן פאר א האנד און צעלאָזט זיך ניט מיט אימפּעט אויף לשון־קודש (נישט געוואָלט אין דאוונען מפסיק זיין):

— אי־אָ־נו־פּע־לא! לא! בשום אופן! מע דארף ניט! איך היים ניט! איך וויל ניט!—האָט ער אויסגעלאָזט אויף אידיש און איז אָנגעפאלען אויף דער שטיעפמאמע מיט א פייער, אפשר דאָס ערשטע מאָל זינט זי איז זיין ווייב, אז זי זאָל זיך ניט דערוועגען מעהר שאפען מיט איהם פון דאנען אהין! מיט אלע קינדער קאָן זי זיך שאפען, נאָר ניט מיט שלום׳ען! שלום איז ניט גלייך צו אנדערע! שלום בעדאַרף לערנען!

— איין מאָל פאר אלע מאָל! אָט אזוי וויל איך און אָט אזוי איז דאָס און אָט אזוי וועט דאָס זיין!

* * *

צי דערפאר, וואָס יעדער דעספּאָט, יעדער שלאָק־פּורעניות, אז ער דערהערט א הויך וואָרט, דערשרעקט ער זיך און ווערד אנשוויגען, אָדער דערפאר, וואָס דאָס איז געוועזן דעם טאטענס ער־

שטער וויעדערשטאנד זינט זיי קענען זיך און פיהרען אזא זיס לעבען,—נאָר ס'איז געשעהן א נס: די שטיעפמאמע האָט צוגע־ביסען די צונג און איז אנשווינגען געוואָרען, ווי א קעצעלע. פון דעמאלט אָן איז זי צו שלום'ען געוואָרען גאָר אַן אנדער מענש. דאָס הייסט, שטעכווערטלעך און קללות האָט זי ניט געזשאלעוועט, אלע מינוט איהם אויפגעוואָרפען די „קלאָסען," געגעבען אַנצוהע־רעניש בדרך גוזמא, אז עס געהט אוועק א פוד פאפיער א וואָך און דריי בוטעלקעס טינט א טאָג, און זי פלעגט פערגעסען מיט א כיון אַנצוגיסען דאָס לעמפעל אויף ביינאכט, אָנצוגרייטען אָנבייסען אין נאָך אזעלכע זאכען. דערפאר אָבער שאפען זיך האָט זי מיט איהם מעהר ניט געשאפט. סיידען אזוי, אין גוטען מוט, אז ער האָט גע־וואָלט פאָלגען א גאנג, אָדער א קוק טהון צום סאמאָוואר, אָדער פערוויעגען דאָס קינד—מהכתיתי . . .

— שלום —זאָגט צו איהם די שטיעפמאמע ווייך און מיט א נגון, ווי מע רעדט אין בעררדיטשעוו.—וואָס איז דאָס, וואָס דו, אז דו טהוסט נאָר א קוק צום סאמאָוואר, אזוי הויבט ער אָן זידען ?

אָדער:

— שלום ? קום נאָר אהער ! פאר וואָס ווערד דאָס קינד ביי דיר אנשלאָפען מיט דער מינוט ?

אָדער:

—שלום ? וואָס געדויערט ביי דיר א שפרונג אין מארק הין און צוריק ? א האלבע מינוט ! קיין האלבע מינוט אויך ניט . . .

און דערצו האָט איהם צוגעשפיעלט די הצלחה אויך א ביסעל. אז עס הויבט אָן געהן א מענשען, געהט עס. איינמאל אין קלאָס האָט דער „סמאָטריטעל" פון דער „אויעזדנע," א גאנץ וואוילער גוי, אנגענומען שלום'ען ביי'ם אויהער און געהייסען, אז דער טאַ־טע זאל קומען צו איהם צוגעהן אין דער קאנצעליאריע. ער דארף איהם עפיס זאָגען. דערהערט, אז דער „אדון דער דירעקטאָר" רופט איהם, האָט זיך נחום ראבינאָוויטש ניט געלאָזט לאנג בע־טען, אָנגעטהאָן די שבת'דיגע קאפאטע, נאָך שטארקער אונטער־

געקאטשעט די אונטערגעקאטשעטע פאות און איז אוועק צום די־רעקטאר הערען, וואס וועט ער זאגען. לאזט זיך אויס אזא גע־שיכטע: אזוי ווי זיין זוהן שלום לעהרענט זיך אויסגעצייכענט גוט, וואלט ער, אייגענטליך, „פא־זאקאנו" בעדארפט איהם צונעהמען אויף „קאזיאנע שטשאט." נאר אזוי ווי ער איז א איד, קאן ער איהם שענקען א פענסיע (דאכט זיך, אויב ניט הונדערט צוואנציג רובעל א יאהר, אדער הונדערט צוואנציג רובעל א האלב יאהר).

דאס האט אנגעמאכט א מאדנעם רעש און א טומעל אין שטאדט. איינער נאכ'ן אנדערען איז מען געקומען געוואוירע ווערען, צי ס'איז אמת?

— וואס זשע? א ליגען?

— פענסיע?

— פענסיע.

— נאזנאטשעט פון קאזנא?

— ניט פון קאזנא, נאר פון נאראדנע פראסוועשטשעניע.

א מענש, וואס געהער זיך אן מיט „נאראדנע פראסוועשטשע־ניע"—א קאטאוועס אביסעל?! . . . פארנאכט קלויבען זיך צע־נויף די משפחה—אנקוקען וואס פאר א פנים ער האט, „דער בעל הפענסיע"? . . . אך! ווער עס האט ניט געזעהן דעמאלט דעם טאטען, ווי ער האט געשיינט און געלויכטען, דער האט גאר קיין גליקליכען מענשען אויף זיין לעבען נישט געזעהן! אפילו די שטיעפ־מאמע, וואס האט זיך משמח געווען גלייך מיט אלע און איז דעם דאזיגען טאג געווען מאדנע גוט, מכבד געווען די משפחה מיט טיי און מיט איינגעמאכטס, האט בעקומען חן אין די אויגען פונ'ם בעל הפענסיע, וואס האט איהר פערגעסען און מוחל געווען אלסדינג. „וואס ס'איז געווען איז געווען" . . . איצט איז ער א העלד. אלע קוקען אויף איהם. אלע רעדען פון איהם. אלע לאבען און פרעהען זיך. דער מוהמע חנה'ס קינדער, וואס האבען ליעב טרייבען מיט איהם קאטאוועס, פרעגען איהם: „וואס רעכענט ער צו טהון מיט אזוי פיעל געלד?" גלייך ווי זיי ווייסען ניט, אז פונ'ם געלד וועט

ער ניט זעהען א גראשען אין די אויגען. גלייך ווי זיי ווייסען ניט, אז דאס געלד וועט צונויף קומען דעם טאטען אין געשעפט אריין, אינ׳ם וויינקעלער „יוזשנאהא בערעגא“ . . .

שאט! אט איז ער אויך דא — דער גראבער קאלעקטאר מיט די שווארצע ברילען און מיט די טיעפע קאלאשען. ער וויל נור א קוק טהאן מיט זיינע בלינדע אויגען דעם קונדאס (א קוועטש אויפ׳ן אס) און געבען איהם, דעם שייגאץ (א קוועטש אויפ׳ן אץ), א קניפ אין בעקעל, ארויסרייסען א שטיק פלייש! אויך די „איי־דעמס,“ לייזער־יאסעל און מאגידאוו, זענען אריינגעקומען צום טאטען אבגעבען מזל טוב און א ביסעל זיצען און שמועסען פון השכלה און פון ליכטיגקייט, פון פראגרעס און פון ציוויליזאציע... און נאך זיי איז געקומען „ארנאלד פון די פידווארקעס“ און האט א ביסעל פערשטערט שלום׳ען די שבחה . . . ערשטענס, האט ער בעוויזען די אידען, אז זיי זענען בהמות, זיי ווייסען ניט וואס זיי רעדען. די פענסיע איז ניט קיין פענסיע, נאר א סטיפענדיע. פענסיע איז פענסיע, און סטיפענדיע איז סטיפענדיע . . . והשנית, איז שלום ניט דער איינציגער, — ס׳איז דא נאך איינער אין דער אויעזדנע, וואס האט בעקומען א סטיפענדיום, — אויך אויף הונ־דערט צוואנציג רובעל, און דאס איז געוועזען שלום׳ס נייער חבר פון דער „אויעזדנע.“ אלי האט ער געהייסען. נאר וועגען איהם שפעטער. דערווייל איז דער העלד פון אונזער בעשרייבונג געווען אויפ׳ן זיעבעטען הימעל. ער האט ארויסגעזעהען בחוש, אז זיינע אמאליגע חלומות וועגען זיין חבר שמואליק׳ס „אוצר“ הויבען אן פאוואלינקע מקוים צו ווערען . . . און זיין פאנטאזיע כאפט איהם אויף אויף איהרע פליגלען און פערטראגט איהם ווייט־ווייט, אין עולם־הדמיון אריין. און ער זעהט זיך ארומגערינגעלט מיט זיינע חברים, וואס קוקען אויף איהם מיט שטראהלענדיגע אויגען און זענען איהם מקנא. און דעם טאטען זעהט ער, נאך גאר א יונ־גערמאנטשיק עפּיס. וואו איז אהינגעקומען דער אויסגעבויגענער רוקען? די טיעפע קנייטשען אויפ׳ן שטערן? דאס געלע פערזארגטע

פנים? גאָר איין אַנדער מענש געוואָרען! און ער זיפצט שוין גאָר ניט מעהר. און די גאַנצע משפחה—שטעלט זיך איהם פאָר—רינגעלט איהם ארום, גיט איהם אָפּ גרויס כבוד, איהם און זיין זוהן שלום'ען, דעם אויסדערוועהלטען, דעם גליקליכען, וואָס פון איהם ווייסען היינט אַלע, אפילו „קאַזנאַ" און אפילו די „נאַראָדנע פּראָסוויעשטשעניע"—אַלע, אַלע, אפשר טאַקי ביז'ן קיסר—ווער ווייסט? . . .

# חבר אלי

אלי דאדים.—די נאהינטע בעקאנטשאפט אויף א שרפה.—שמועסען וועגען פאטאגראפיע מיט'ן פעטער פיני.—דער העלד איז מחלל שבת בפרהסיה.— ער ווערד געקרוינט מיט'ן נאמען „פיסאטעל.”



פנים א ווייס, א קיילעכיגס, א ביסעלע א געשטורפעלטס. האר שטעהענדיגע, הארטע, שווארצע, געדיכטע, שטעכעדיגע, א גאנצע גריווע. אויגען לאכענדיגע, צייהן געזונדע, ווייסע. פינגער קורצע. א געלעכטער—א הילכיגער, א שיסענדיגער. א טעמפעראמענט א פייעריגער—אט דאס איז דער פארטרעט פון שלום'ס חבר אלי, פונ'ם ערשטען קלאס אויעזדנע ביז'ן סוף.

זייער ערשטע בעקאנטשאפט איז געשלאסען געווארען ביינאכט אויף א שרפה.

א שרפה—דאס איז א ספעקטאקל, איין אומזיסטיגע פארשטעלונג, א העכסט אינטערעסאנטע פערזאמלונג פון אלערליי טיפען אידען און ווייבער, איין אפשפיעגלונג פון אלערליי סצענעס, טרויעריגע און פרעהליכע—מע דארף נישט קיין טהעאטער. די נאכט איז שטיל. דער הימעל איז טיעף, שטערען פינקלען. וואו ניט וואו לאזט זיך הערען דאס בילען פון א הונט. און דאס שטיבעל ברענט זיך ווי א ליכטעל, רוהיג, פאמעליך. ס'האט צייט. פון אלע גאסען ציהען זיך מענשען. פריהער שלעפעריג, דערנאך לעבעדיגער און האמעטנער; פריהער איינציגווייז, דערנאך מחנות־ווייז, און אידישע קינדער—א גאנצע חאליאסטרע. אידען מיט

ארבע־כנפות׳ען וואַרפֿען זיך אין פֿייער אַריין ראַטעוועןֹ, ווייבער קוויטשען, קליינע קינדער וויינען, בחורים זאָגען ווערטלעך, אונ־טערגעוואַקסענע מיידלעך לאַכען. ראַבינאָוויטשעס קינדער זענען אויך דאָ. פּלוצים דערהערט שלום עמיצענס קול, אַ קול פֿון אַ יונגעל, און גלייך צו איהם אויפ׳ן אויער:

— זיי פֿאָהרען!

— ווער?

— די „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע.״ קום, וועלען מיר העלפֿען לעשען!

אוןביידע יונגלעך נעמען זיך פֿאַר די הענד און מע לאָזט זיך לויפֿען איבער׳ן גאַנצען מאַרק צו בעגעגענען די „פּאָזשאַרנע קאָ־מאַנדע.״ לויפֿענדיג, ווערד שלום געוואוירע, אַז זיין חבר רופֿט מען אלי און ער איז דאָדי דעם שרייבער׳ס אַ יונגעל. און אלי ווערד געוואוירע, אַז זיין חבר הייסט שלום און אַז ער איז נחום ראַבינאָוויטשעס אַ יונגעל.

זייער צווייטע בעגעגעניש איז פֿאָרגעקומען אַ ביסעל שפּע־טער, שוין דווקא ביי טאָג, אויך אין גאַס און אויך אויף אַן אומ־זיסטיגער פֿאָרשטעלונג. עפּיס אַ שוואַרצער מיט ווייסע צייהן ווייזט אַ מאַלפּע, און די גאַנצע שטאָדט מיט יונגלעך לויפֿען איהם נאָך. דאָס איז איינס פֿון די חדושים, וואָס מע זעהט זעלטען אין פּערעיאַסלאַוו. אָדער מע פֿיהרט אַרום אַ בער מיט אויסגעבראָכענע אויגען, וואָס טאַנצט אויף אַ שטעקען. אָדער אַ וואַנקאַ רוטוטין מיט רויטע הויזען, וואָס מאַכט אָנשטעלען. אָדער אַ ציגיינער ווייזט אַ מאַלפּע. דער ציגיינער און די מאַלפּע האָבען ביידע איין פּנים, גלייך ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. ביידע האָבען אַלץ איינע געקנייטשטע בעוואַקסענע פּנים׳ער, אַלץ איינע אויסגעקראַ־בענע קעפּ און קוקען ביידע מיט אַלץ איינע רחמנות׳דיגע אויגען און ציהען אוים די בעוואַקסענע ברודיגע דאַרע הענט, מע זאָל זיי עפּיס געבען. און רעדען רעדט דער ציגיינער מיט אַזאַ מאָדנע קול און אויף אַזאַ מאָדנע שפּראַך, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און מאַכט אַזאַ

מאָדנדע גרימאַסע דערביי, אַז מע מוז לאַכען: „דאַי, בארין! חאַ־ראַש אַבעזשיאַן! אַמעריקאַנסקו!" . . . און חברה שיסען אויס אַ געלעכטער. די דאָזיגע צוויי בעגעגענישען זענען שוין גאַנץ גענוג, אַז אַזעלכע צוויי יונגלעך, שקצים, ווי שלום נחום ראַבינאָ־וויטשעס און אלי דאָדי דעם שרייבערס, זאָלען ווערען חברים. דאַרף נאָך גאָט פיהרען אַזוי, אַז זיי טרעפען זיך ביידע אין איין קלאַס אין דער „אויעזדנע," אַ באַנק נעבען אַ באַנק, און אַקוראַט דעמאָלט, ווען דער לעהרער האָלט אָפּ זיין ערשטע לעקציע פאַר׳ן גאַנצען קלאַס. דערזעהט שלום זיין נייעם חבר אלי, ווי ער ציהט אויס די האַנד, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, מאַכט דעם ציגיינערס גרי־מאַסע: „דאַי בארין! חאַראַש אַבעזשיאַן! אַמעריקאַנסקו! . ." זייט אַ בריה, האַלט זיך איין און צעלאַכט זיך ניט. אוּדאי בעקו־מען ביידע חברים אַ מאוס׳ען פּסק, בלייבען ביידע איבער „אָהן וואַרעמעס," און זייער פריינדשאַפט ווערד געשלאָסען אויף שטענ־דיג, אויף אייביג.

פון דעמאָלט אָן ווערען זיי נפש אחת, איין זעל, איין נשמה. וואו איינער, דאָרט איז דער צווייטער. ביידע אינאיינעם לערנען, און לערנען גוט. מע האָט זיך דאָס וואָרט געגעבען, אַז מע זאָל איבערשטייגען אַלע גוים, מע זאָל זיין די ערשטע, די בעסטע תלמידים אין קלאַס. און מע האָט אויסגעפיהרט. מע האָט וויט־ווייט איבערגעשטיגען אַלע גוים און מע איז געגאַנגען פון קלאַס צו קלאַס די ערשטע בעסטע תלמידים, אָבער אויך די ערשטע און די גרעסטע שקצים אין שטאָדט. וואָס די צוויי האָבען זיך ער־לויבט אָפּצוטהון אין שטאָדט האָבען דאָס אַנדערע יונגלעך נישט געוואַגט. די בעסטע יונגלעך, פּענסיאָנערען, סטיפּענדיאַנטען—אַ קלייניגקייט? היינט זייער קענען רוסישע גראַמאַטיקע! וואָס פאַר אַ וואָרט מע זאָל ניט ארויסרעדען איז באַלד צו דער גראַמאַטיקע. למשל, אַ טיש איז סטאָל. און סטאָל איז: סטאָל, סטאָלאַ, סטאָ־לו, סטאָל, סטאָלאָם, אַ סטאָליע. אַ מעסער איז נאָזש. און נאָזש איז: נאָזש, נאָזשאַ, נאָזשו, נאָזש, נאָזשאָם, אַ נאָזשיע.

היינט געאָגראַפיע! ווער נאָך ווייס אַזוי ווי זיי, פאַר וואָס איז די ערד קיילעכיג? ווער דרעהט זיך אַרום וועמען—די ערד אַרום דער זון, צי די זון אַרום דער ערד? און פון וואַנען נעמט זיך אַ ווינט? און וואָס איז פריהער—דער דונער, אָדער דער בליץ? און פון וואַנען נעמט זיך אַ רעגען?

פון אַלע לערנעכצען, וואָס מע לערענט אין די קלאַסען, געפעלט שלום׳ס טאַטען נאָר געאָגראַפיע. מחמת פון געאָגראַפיע ווערד מען געבילדעט, אויפגעקלערט. חשבונען איז אויך אַ גוטע זאַך. מאַטעמאַטיק שאַרפט אויס דעם מוח. אָבער נישט מעהר. אַט איז יאָסי פרוכשטיין אַ פּראָסטער איד, ניט געלערענט אין ערגיץ. פונדעסטוועגען גיט איהם די שווערסטע „זאַדאַטשע,“ וועט ער זי אייך מאַכען אויפ׳ן קאָפּ. צי, אַ שטייגער, נעמט דעם קאַלעקטאָר. וואו האָט ער שטודירט? ערגיץ אין דער ישיבה. נו, קען ער נישט, מיינט איהר, קיין אַלגעברע? פון לייזער־יאָסלען שמועסט מען ניט, און „אַרנאָלד פון די פּידוואַרקעס“—פון יענעם איז אָפּגערעדט. אַרנאָלד איז דאָך גרייט אָבגעבען „עקזאַמענט.“ ניין, זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, געאָגראַפיע איז ניט מאַטעמאַטיקע. געאָגראַפיע דאַרף מען לערנען. געאָגראַפיע דאַרף מען קענען. און שלום קען געאָגראַפיע. זיין פאָטער האָט ליעב מיט איהם צו פערברענגען נאָר וועגען געאָגראַפיע. און איז צופריעדען, און איז גליקליך, אַז עס זיצט דערביי אַ דריטער.

אַ קאָמעדיע איז, אַז דער פעטער פּיני זיצט דערביי. דער פעטער פּיני גלעט די באָרד, שמייכעלט, מאַכט חוזק פון דעם קליינעם פילאָזאָף, ווי ער צעשפּרייט זיך דאָס אַ ביסעל מיט זיין געאָגראַפיע. אַ יונגעל אַ שנעק האָט אַ העזה צו זאָגען פאַר איין עלטערען אידען, פאַר אַ פעטער, אַז די ערד דרעהט זיך, ניט די זון. אי עס שטעהט בפירוש: „שמש בגבעון דום“?—דו, זון, אין גבעון, בלייב שטעהן? בלייבט אַ קשיא . . . „צי, אַ שטייגער, דו זאָגסט, אַז דער דונער קומט פריהער פאַר׳ן בליץ. אַי, מיר זעהען פריהער דעם בליץ און ערשט נאָכדעם קומט דער דונער?“—פרעגט ביי איהם דער פעטער פּיני אויף אַ טשיקאַוועסט און קאַטשעט זיך פאַר

געלעכטער. „צי דו זאָגסט, אז די ערד איז א כדור, קיילעכיג, הייסט דאָס, ווי איין עפּעל. מיט וואָס וועסט דו דאָס מיר בע־ ווייזען?“ ענטפערט איהם שלום: „אויב איהר ווילט זיך מטריח זיין, פעטער, שטעהט אויף, זייט מוחל, מאָרגען גאַנץ פריה און טהוט א קוק אויפ׳ן שפּיץ מאָנאַסטיר, בעת די זון געהט אויף, וועט איהר זעהען, ווי דער שפּיץ קלויסטער ווערד בעלייכט פריהער פון אלסדינג . . .“ „אודאי האָב איך מעהר ניט וואָס צו טהון, נאָר אויפשטעהן דיר כאור און קוקען אויפ׳ן שפּיץ קלויסטער צוליעב דיין געאָגראַפּיע—חא־חא־חא! . . .“

ניין, דער פעטער פּיני איז ניט צופריעדען ניט מיט דער געאָ־ גראַפּיע, ניט מיט די קלאַסען און נישט מיט דעם, וואָס זיין נחום׳ס זוהן איז א חבר מיט דאָדי דעם שרייבער׳ס יונגעל. ער וועט איהם ארויספיהרען ווער ווייס אויף וואָסערע דרכים . . . דער פעטער פּיני האָט געהערט אויף זיי עפּיס ניט אַזעלכע שענע זאכען. ער האָט געהערט, אז די יונגלעך געהען שבת שפּאַציערען אויף די פּידוואַרקעס, און אז זיי טראָגען טיכלעך אום שבת, און אז זיי רעדען, רעדען זיי צווישען זיך אויף רוסיש, ניט אויף אידיש.

אוי וועה—ס׳איז נעבאך אלסדינג געווען אמת קודש קדשים! נאָך מעהר: זיי געהען אלע שבת אויף די פּידוואַרקעס, אָבער ניט שפּאַציערען, ווי מיר ווע‎לען ווייטער זעהען . . . זיי טראָגען ניט נאָר טיכלעך אום שבת, נאָר קליין־געלד אויף צו קויפען באַרלעך, און רעדען אַזעלכע זאכען—אך! ווען דער פעטער פּיני זאָל נאָך וויסען פון וואָס מע רעדט, און ווי אזוי מע רעדט! . . . .

דער פעטער פּיני זאָל נאָך וויסען, ווי אזוי די צוויי בחורימלעך שי־ פען זיך אויף א שיפעל, פערקלויבען זיך אין צווייען העט־ווייט אויף יענער זייט טייך. דאָרט אויפ׳ן גרינעם גראָז לייענט מען ביכלעך (רוסישע) און מע זינגט ליעדלעך (גויעשע) און מע חלום׳ט אויף דער וואָהר, מע בויעט אינאיינעם לופטשלעסער, וואָס וועט זיין אמאָל, אז מע וועט ענדיגען די „אויעזדנע“? וואוהין וועט מען פאָהרען? אויף וואָס וועט מען שטודירען? וואָס וועט מען זיין?

און דער אמת מוז דאָ געזאָגט ווערען, עס האָט געהערשט, אזוי צו זאָגען, א גויעשע שטימונג, און קיין אידישער אינהאלט איז אין די דאָזיגע זיסע חלומות ניט געווען, ווארום דער חבר אלי איז געוואקסען אין א שטוב, וואָס איז געווען ווייט פון אידישקייט, כאָטש—איינס צום אנדערן געהערט זיך ניט אָן—פּעטש פּאר ניט ווע̇לען דאווענען האָט אלי געכאַפּט פון זיין טאטען נישט ווינציגער ווי אלע אנדערע יונגלעך פון זייערע טאטעס. איך האָב מורא, אז אלע טאטעס זענען אזוי. איהר קאָנט נאָך היינט אויך בעגע־גענען טאטעס, וואָס אליין טהוען זיי כל דבר אסור און ווילען, אז זייערע קינדער זאָלען זיין גוט און פרום, ניט אין זיי געראָטען . . .

ניט ווע̇לען דאווענען—דאָס איז געווען ביי חברה יונגוואַרג איין אלטע קרענק נאָך פון חדר. „היפּערען" אין דאווענען איז גע־ווען א וואָכעדיגער גאַנג. און פון זינט זיי זענען אריין אין די „קלאסען," האָבען זיי דאָס דאווענען גאָר אין גאַנצען פערבויגען. דער טאטע האָט דאָס געוואוסט, נאָר געמאכט זיך כלא ידע. האָ־בען זיך אָבער געפונען אזעלכע, וואָס האָבען נאָכגעקוקט און גע־עפּענט דעם טאטען די אויגען, ער זאָל זעהן, ווי זיינע קינדער געהען ביסלעכווייז אראָפּ פון דרך הישר—און דאָס האָט געפיהרט דערצו, אז די קינדער זאָלען נאָך מעהר ניט ווע̇לען דאווענען און זאָלען אין דעם ניט ווע̇לען דאווענען פיהלען א מין ענג רוחני. ניט אומזיסט האָט דער רבי געגעבען צו פערשטעהן זיינע תלמידים, די קליינע בעלי־עבירה'ניקעס, דעם שכל פון איין עבירה, אז די עבירה אליין איז ניט אזוי מורא'דיג, ווי די תאוה פון טהון איין עבירה.... שלום געדענקט נאָך עד היום דעם טעם פון דער ערשטער עבירה, פון „חילול שבת." אזוי איז געווען די מעשה:

שבת בייטאָג. אידען האָבען אָפּגעגעסען וואַרעמעס און גע־האלטען אין רעכטען שלאָף. אין גאס איז נאָך ניטאָ קיין משוגע־נער הונט. שטיל און רוהיג, האָטש ציה זיך אויס. די זון באַקט, ווי אין דער מדבר. די ווענט פון די געפאַרבטע הייזער און די

הילצערנע פּאַרקאַנעס פון די הויפּען בעטען זיך, מע זאָל עפּים אויף זיי אָנצייכענען, אָנשרייבען. שלום האַלט די הענד אין די קעשענעס. דאָרט ליגט ביי איהם א קריידעל פון די קריידלעך, וואָס ווערען בענוצט אין קלאַס צו דער מאַטעמאַטיקע. ער קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען—נישטאָ קיין מענש. די לאַדען זענען פערהאַקט. און דער יצר הרע רעדט איהם אָן: „מאָהל!" . . . וואָס זאָל ער מאָהלען? נעמט ער אויף דער גיך און טהוט א מאָהל אוים דאַס בעוואוסטע ליעדעל, וואָס אלע קינדער זינגען און מאָהלען בעת מעשה:

טאַטשקאַ, טאַטשקאַ, זאַפּיאַטאַיאַ,
מינוס, ראָזשיצאַ קריוואַיאַ,
רוטשקאַ, רוטשקאַ, אי קרוזשאָק,
נאָזשקאַ, נאָזשקאַ, אי פּופּאָק—*)

פּאַרטיג א מענשעל מיט א קיילעכיג פּנים, מיט הענטלעך און מיט פיסלעך און מיט א מויל, וואָס לאַכט . . . דער מאָהלער איז צופריעדען מיט׳ן בילד. עס פעהלט נאָר איין אויפשריפט. שלום קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען—נישטאָ קיין מענש. די לאַדען זענען פערהאַקט. און דער יצר הרע רעדט איהם אָן: „שרייב!" . . . וואָס זאָל ער שרייבען? נעמט ער און שטעלט אוועק פון אונטען, אונטער׳ן בילד, מיט שענע קיילעכיגע אותיות אויף רוסיש צום גראַם:

קטאָ פּיסאַל — נע זנאַיו,
א יאַ, דוראַק, טשיטאַיו . . . **)

און איידער ער בעוויזט איבערצולייענען וואָס ער האָט דאָ

---

*) א פּונקט, א פּונקט, און א קאַמע,
א פּאַסיקעל א גלייכס, א פּנימל א קרומס,
א הענטעל, א הענטעל, און א קיילכעל,
א פיסעל, א פיסעל און א בייכעל.

**) ווער ס׳האָט געשריבען — ווייס איך ניט, נאָר איך שוטה, לייען דאָס.

אַנגעשריבען, דערפיהלט ער ווי עמיצענס צוויי פינגער האַלטען איהם ביי'ם לינקען אויער, אָבער שטאַרק! . . .

איך מיין, אַז קיינעם פון די לעזער וועט ניט איינפאַלען צו טרעפען, ווער האָט דאָס געקאָנט זיין אָט דער, וואָס האָט געפּאַקט דעם העלד פון דער ביאָגראַפיע מיט דער דאָזיגער מאוס'ער עבירה פון חלול שבת בפרהסיא? פערשטעהט זיך, אַז ניט קיין אַנדערער, נאָר דער פעטער פיני! גראַד ער בעדאַרף היינט פריהער פון אַלע־מען אויפשטעהן פון שלאָף און פריהער פון אַלעמען געהן מיט אַ וויזיט גוט שבת זאָגען! וואָס ווייטער איז געוועזן — איז איבעריג צו דערצעהלען. יעדער קאָן זיך פאָרשטעלען, אַז עס האָט ניט געהאָלפען קיין זאַך, קיין בעטען זיך, קיין טרערען — דער פעטער פיני האָט דעם בחור איין אויסגעשמירטען אין קרייד אָפּגעפיהרט גלייך אַ היים און איבערגעגעבען איהם אויפ'ן טאַטענס הענד. נאָר דאָס איז געוועזן גאָרניט אַקעגען דעם, וואָס איז געשעהען נאָכדעם, אַז די גאַנצע שטאָדט איז געוואוירע געוואָרען פון דער מעשה און ס'איז דערגאַנגען צו דער נאַטשאַלסטווע פון דער אויעזדנע. עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז מע זאָל דאָס בחור'על „אויסשליסען"..

דער טאַטע האָט געוויינט מיט טרערען און האָט נעבאַך געמוזט געהן צום אדון. צום דירעקטאָר (סמאָטריטעל), בעטען פאַר זיין זוהן רחמים, און נאָר צו פערדאַנקען דאָס, וואָס ער איז געוועזן איינער פון די בעסטע תלמידים אין קלאַס, אַ סטיפּענדיאַנט, האָט מען אויף איהם געלעגט כבוד, רחמנות געהאַט אויפ'ן טאַטען און ניט „אויסגעשלאָסען." דערפאַר האָבען די לעהרערס געבענשט דעם תלמיד מיט אַ נייעם נאָמען, אַז זיי האָבען איהם בעדאַרפט ארויסרופען אין קלאַס צו דעם ברעט, האָבען זיי ניט געזאָגט ווי ביז אַהער: ראַבינאָוויטש! זיי האָבען איהם ארויסגערופען אָדער „חודאָזשניק" (מאַהלער) אָדער „פּיסאַטעל" (שריפטשטעלער), און צעצוויגען האָט מען דאָס וואָרט אויף דריי קלאַפּטער די לענג:

— פּי—סאַ—טעל! . . .

אָט דער נאָמען איז איהם פערבליבען אויף לאַנג, שוין ביז'ן סוף.

## 53

# צווישען חזנים און כלי-זמרים

**א מעשה מיט א אידיש ביכעל, וואס רופט ארויס געלעכטער.—חזנים מיט א „קאלאווראטור.“—יהושע העשיל דער כלי זמר מיט זיין חאליאסטרע.—דער יצר הרע פון פיעדעל.**



ו „שרייבעריי“ האט דער העלד פון דער דאזיגער ביאגראפיע געהאט א נייגונג פון תמיד אן. זיין אידעאל איז געווען צו זיין א מחבר, א שרייבער, ניט נאר מיט'ן קריידעל אויף די הענד, נאר טאקי באמת א שרייבער, א פערפאסער פון א בוך. אויף איהם האט נביאות געזאגט נאך זיין אלטער פריינד דער קאלעקטאר, אז ער וועט אמאל זיין א שריפט־שטעלער און וועט שרייבען העברעאיש אזוי ווי צעדערבוים, גאט־לויבער, יהל'ל און נאך א סך אנדערע „גדולים.“ האט אבער אר־נאלד פון די פידוואַרקעס געדרונגען פארקעהרט: אז אויב אט דער חברהמאן וועט אמאל שרייבען, וועט ער שוין זיין בעסער א רוסי־שער שרייבער, ניט קיין העברעאישער. אין „המליץ,“ האט ער גע־זאגט, זענען פארהאן אהן איהם גענוג דילעטאנטען, איגנאראנטען, מלמדים און בטלנים! ניט צעדערבוים, ניט גאטלויבער, ניט יהל'ל, נאר טורגעניעוו און גאגאל, פושקין און לערמאנטאוו,—אט ווער עס בעדארף איהם שטעהן פאר די אויגען! . . .

מיט איינעם ווארט, אדער העברעאיש, אדער רוסיש. אז דער

„חברהמאן“ וועט אמאל שרייבען  א י ד י ש—דאס איז קיינעם אויף די געדאנקען ניט געקומען, ווארום אידיש איז דען אויך א שפראך? דאס הייסט, רעדען האט מען קיין אנדער שפּראך ניט געוואוסט אויסער  א י ד י ש , נאר אז מע קאן  ש ר י י ב ע ן אויף אידיש—ווער האט דאס געוואוסט? „זשארגאן,“ „עברי־טייטש“—דאס איז א מאכל פאר ווייבער. א איד האט זיך גע־שעהמט צו האלטען א אידיש ביכעל אין די הענד—מע וועט זאגען: א גראבער יונג! . . . .

פונדעסטוועגען געדענקט זיך א מעשה נאך פון קינדווייז, נאך אין יענעם פערוואָרפענעם קליינעם שטעדטעלע, אין וואראנקא, האט א אידיש ביכעל, און דוקא אויף  „ ז ש א ר ג א ן “  גע־שריעבען, געהאט דעם גרעסטען ערפאלג. וואס דאס איז געוועזן פאר א ביכעל—קאן זיך דער העלד פון דער ביאגראפיע ניט דער־מאהנען. ער געדענקט נאר, אז ס'איז געוועזן א ביכעלע א קלייני־טשיקס, א דארינקס, מיט געלע, פערסמאלציוועטע צעפאלענע און אבגעריסענע בלעטלעך, אהן טעוועלעך, און אפילו אהן א פאדער־בלעטעל. שבת צו נאכטס, אלע בעלי־בתים פון שטאדט האבען זיך צענויפגעקליבען ביי רב נחום וועוויק'ס אויף „מלוה מלכה.“ די מאמע איז פערנומען אין קיך מיט'ן „וואלכעשין בארשט,“ און דער עולם האלט זיך אונטער דערווייל. רב נחום לייענט א מעשה ביכעל. דער טאטע לייענט, און דער עולם זיצט ארום טיש, רוי־כערט פאפיראסען און מע קאטשעט זיך, מע האלט זיך ביי די זייי־טען פאר געלעכטער, און מע אונטערברעכט אלע מינוט דעם פאר־לעזער און מע דריקט אוים די גרויסע התפעלות הויך אויף א קול, און עס שיטען זיך קללות אויפ'ן בעל־מחבר'ס אדרעס: „אט א ימח־שמו'ניק! א כל־בו'ניק! א ממזר! א רוח אין זיין טאטענס טאטען אריין! . . .“ אפילו דער פארלעזער אליין קאן זיך ניט איינהאלטען, ווערד שיער דערשטיקט פאר געלעכטער! די קינדער ווילען ניט געהן שלאפען, און שלום אודאי ניט. פערשטעהן וואס דער טאטע לייענט—פערשטעהט ער ניט, נאר ס'איז איהם גלאט

געפעלען צו זעהן, ווי אידען מיט בערד קאַטשען זיך, האַלטען זיך ביי די זייטען און שיסען אויס אַלע מאָל מיט אַ געלעכטער און ער זיצט פון דערווייטענס און קוקט אין אַלעמענס פנים'ער, ווי זיי שיינען, און ער איז מקנא יענעם אידען, וואָס האָט געמאַכט אָט דאָס ביכעלע, און זיין טיעפסטער וואונש איז, אַז גאָט וועט העלפען, ער וועט אויסוואַקסען און ווערען אַ גרויסער, וועט ער אויך אָנשרייבען אַזאַ מין ביכעלע, וואָס אידען וועלען דאָס לייענען און וועלען לאַכען און וועלען איהם שעלטען אין גוטען מוט, גלאַט אַזוי זיך, אין טאַטענס טאַטען אריין . . .

נאָר ווי די מעשה איז—אויב ער וועט זיין אַ שרייבער אָדער ניט; אויב ער וועט זיין אַ העברעאישער שרייבער אָדער אַ רוסישער—אַ „קענער“ וועט ער שוין זיין געוויס. ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען. זיין אַ „קענער“—דאָס האָט ער געמוזט און דאָס האָט ער געוואָלט. ער האָט געוואָלט קענען אַלסדינג. אפילו אַזאַ זאַך ווי פיעדעל־שפּיעלען. דאַכט זיך, וואָס פאַר אַ שייכות האָט שפּיעלען אויפ'ן פיעדעל צו השכלה? ניין, עס האָט אַ שייכות. שפּיעלען אויפ'ן פיעדעל איז אין יענער צייט געשטאַנען אין פּראָגראַם פון קענטעניש גלייך מיט אַנדערע זאַכען און האָט זיך אָנגעקעהרט מיט לערנען, ווי אַ שטייגער, אַ טאַטענס אַ קינד האָט געלערענט דייטש, אָדער פראַנצויז. קיין פּראַקטישע נוצען האָט דערפון קיינער ניט געוואַרט, נאָר אַ טאַטענס אַ קינד, וואָס וויל זיין אַ מושלם, בעדאַרף אַלסדינג קענען. כמעט אַלע פיינסטע בעל־בתישע בחורים'לעך אין שטאָדט האָבען דעריבער געלערענט שפּיעלען פיעדעל. חיים פּרוכשטיינס האָט געשפּיעלט פיעדעל, צאַלי מערפּערטס האָט געשפּיעלט פיעדעל, מאָטעל סריבנערס האָט געשפּיעלט פיעדעל. נאָך אַ סך יונגלעך האָבען געשפּיעלט פיעדעל. מיט וואָס איז שלום ראַבינאָוויטש ערגער פון זיי? האָט אָבער דער טאַטע ניט געוואָלט. ער האַלט ניט דערפון. עס איז איין איבעריגע זאַך, האָט ער געזאָגט, איין עבירה די צייט, און עס קומט אויס ביי איהם מעשה כלי־זמר . . . מאַטעמאַטיקע, געאָגראַפיע,

מליצה—דאָס איז אַ זאַך. אָבער רימפּלען אויפ'ן פּיעדעל—וואָס איז פאַר איין עובדה ? . . .

אזוי טענה'ט נחום ראַבינאָוויטש און איז פון זיין שטאַנדפּונקט אפשר גערעכט. הערט זשע אָבער, וואָס זאָגט דערויף יהושע-העשעל דער כלי-זמר ? יהושע-העשעל דער כלי-זמר איז אַ איד, איין עהרליכער, איין איידעלער איד, מיט צוויי גראָבע געדיכטע פּאות. זאָגט ער בפירוש : „וואָס געהער זיך אָן דאָס מיט דעם ? ער האָט, זאָגט ער, אויך קינדער, ניט ערגער פון אַלע אַנדערע אידישע קינדער, און שקצים אויך גוטע, דער רוח האָט זיי ניט גענומען ! אַלא דעריבער איז וואָס ? האָט איהר מורא, אַז זיי שפּיעלען ניט ביי איהם אויף אַלע אינסטרומענטען ? . . . און בנציון דער כלי-זמר וואָס זאָגט ? אָט דער בנציון, וואָס האָט אויסגעלערענט די אַלע אויסגערעכענטע בחורים'לעך פּיעדעל שפּיעלען, איז אַליין אַ איד מיט איין איינגעפאַלענער נאָז און דעריבער פאַנפּעט ער אַ ביסעל אונטער. האָט ער אויסגעפּרובט נחום ראַבינאָוויטשעס יונגעל, געגעבען איהם די ערשטע פּאָר לעקציעס פון ערשטען חלק „בעריאָט,“ האָט ער אַליין געזאָגט פאַר אַלע יונגלעך, אַז אָט דאָס בחור'על איז אַ „פּאַלאַנף.“ אויף בנציון'ס פאַנפּעוואַטע לשון האָט דאָס בעדאַרפט הייסען אַ „טאַלאַנט“ . . . צי ער האָט טאַקי געהאַט אַ טאַלאַנט אָדער ניט—דאָס וויים ניט שלום. ער וויים נאָר, אַז פון קינדווייז אָן געהט ער אוים שפּיעלען און איז די כפרה נאָך אַ פּיעדעל, און ווי אויף צו להכעים, גלייך ווי מע וואָלט זיך וועלען רייצען מיט איהם, האָט ער זיך שטענדיג געפּונען אין אַ וועלט פון געזאַנג און מוזיק, צווישען חזנים און כלי-זמר.

חזנים און משוררים זענען כמעט קיינמאָל ניט ארוים פון זייער שטוב, ווייל נחום ראַבינאָוויטש איז אַליין געוועזן אַ בעל-תפילה און אַ יודע-נגן, און דערצו איז זייער איינפאָהר געוועזן, קאָן מען זאָגען, די איינציגע סטאַנציע פאַר חזנים. עס איז ניט אַוועק קיין שבת-מברכים, ס'זאָל ניט קומען צופאָהרען אַ בויד אָנגעפּאַקט מיט מאָדנע פאַרשוינען, לעבעדיגע, ריהרעוודיגע, אַלע הונגעריגע. גע־

גאנגען זענען זיי מעהרסטענטייל אפגעריסען און אפגעשליסען, במעט נאקעט און בארוויס, נאר די העלזער ארומגעוויקעלט מיט שארפעס, וואלענע, ווארעמע שארפעס. אזוי ווי די היישעריקען האבען זיי בעפאלען די אכסניה, געגעסען אלסדינג, וואס מע האט זיי געגעבען. דאס איז שוין געווען א כלל, אז ווי באלד הונגעריגע —זענען דאס געווען משוררים מיט א וועלט־בעריהמטען חזן. גאנ־צע טעג האט זיך דער וועלט־בעריהמטער חזן געקאטשעט אויפ'ן האלז, אויסגעפרופט זיין „קאלאווראטור“ און געשלונגען רויהע אייער, און די זינגערלעך האבען זיך געריסען אויף די גלייכע ווענט, מעהרסטענטייל געהאט שוואכע קולות, נאר שטארקע אפעטיטען צום עסען, האבען זיי דעריבער מיט זייער דאוונען עפיס ניט אזוי שטארק אויסגענומען, נאר אנגעגעסען און אנגעטרונקען און אוועק־געפאהרען אומבעצאהלטערהייד. דאס האט דער שטיעפמאמע, פערשטעהט זיך, שטארק ניט געשמעקט. האט זי ביסלעכווייז אפ־לענטשעט די וועלט־בעריהמטע חזנים, געבעטען זיי זאלען שוין מוחל זיין פערפאהרען בעסער צו ראובן יאסנעגראדסקי, מחמת עסערס האט זי קיין עין הרע אליין גענוג, און שרייערס איז ביי איהר אויך דא א היבש ביסעל, ניט צו פערזינדיגען . . . דער פועל יוצא איז געווען, וואס ראבינאוויטשעס קינדער האבען זיך אנגעהערט אזוי פיעל נגינה, אז זיי זענען געווען קלאהר אויף אויס־וועניג, וועמען געהער אט די און די קדושה, און וועמען געהער דער און דער „תכנת שבת“: צי פיצי דעם חזן, אדער מיצי דעם חזן, אדער דעם קאשטאנער חזן, אדער דעם שעדליצער, אדער דעם קאל־ווארער חזן, אדער גאר ניסי בעלזער? עס זענען געווען צייטען, וואס געזאנגען האבען זיך, אזוי צו זאגען, געטראגען אליין פון זיך אין דער לופטען, און אין קאפ האט זיך געפלאכטען א געדאנק, און אין האלז האט זיך געקייקעלט און געקייקעלט עפיס א נגונ'דעל און ניט געלאזט שלאפען . . .

דאס איז געווען מיט נגינה. און וואס אנבעלאנגט מוזיק, האט דער העלד פון דער דאזיגער ביאגראפיע געהאט די זעלבע גע־

לעגענהייט צו הערען כלי־זמר נאָך מעהר ווי חזנים, ווארום סאַי יהושע־העשעל דער כלי־זמר מיט די גראָבע פאות, סאַי בנציון מיט דער איינגעפאַלענער נאָז האָבען געוואוינט ניט ווייט פון חדר, אזוי, אז מע איז געגאַנגען אין חדר אריין, האָט מען בעדאַרפט דורכגעהן פערביי יהושע־העשלען און פערביי בנציונען. דאָס הייסט, קיין מוז איז דערביי ניט געווען, מע האָט זעהר שען געקאָנט אויסמיידען, און ווען מע מיידט זיי אוים, וואָלט געווען א סך נעהענטער, האָט אָבער שלום ליעב געהאַט דוקא געהן פערביי זיי און דוקא בלייבען שטעהן אונטערען פענסטער און הערען ווי בנציון כלי־זמר לערענט די יונגלעך פידעל שפּיעלען, אָדער ווי יהושע־העשעל דער כלי־זמר מאַכט רעפּעטיציע מיט זיינע בנים, וואָס שפּיעלען אויף אלערליי אינסטרומענטען. און דעמאָלט איז געווען איהם ניט אָפּצורייסען און ניט אָפּצוטרייבען. יהושע־העשעל'ם בנים האָבען דאָס בעמערקט, האָט דער עלטערער, העמעלע, איהם מכבד געווען איין מאָל מיט'ן סמיטשיק, דאָס אנדערע מאָל מיט א קוואָרט וואסער—עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. דורך איין ציגאַר טוטין איז מען מיט העמעלען געוואָרען חבר און שלום איז געוואָרען א בן־בית ביי יהושע־העשעל דעם כלי־זמר, נישט דורכגעלאָזט קיין איין רעפּעטיציע—און רעפּעטיציעס זענען געווען דאָרט אלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג—און דורך זיי האָט ער זיך בעקענט מיט'ן גאַנצען בינטעל מוזיקאַנטען, מיט דער גאַנצער כלי־זמר'שער משפּחה, מיט זייערע ווייבער און קינדער, מיט אלע זייערע זיטען און מנהגים, מיט זייער ארטיסטיש־ציגיינער לעבען, און אפילו מיט זייער שפּראַך, „כלי־זמר־לשון,“ וועלכעס ער האָט דערנאָכדעם, שוין אלס „שלום עליכם,“ טיילווייז אויסגענוצט אין זיינע ווערק: „אויפ'ן פידעל,“ „סטעמפּעניו,“ „בלאָנזענדע שטערען“ און אנדערע.

אלזאָ, ווי איהר זעהט, איז איין לערנען פידעל שפּיעלען ניט געווען קיין מניעה. געהערט האָט ער געהאַט גענוג. א טאַלאַנט, זאָגט בנציון דער כלי־זמר, האָט ער אויך געהאַט. וואָס זשע נאָך

פעהלט? אן אינסטרומענט, אַ פיעדעל. און אַ פיעדעל קאָסט געלד, און קיין געלד איז נישטאָ! וואָס טהוט מען?—דאַרף מען, הייסט דאָס, קריגען געלד . . . אָט דאָ, ביי דעם געלד קריגען, האָט זיך געטראָפען אַ מעשה, אַ קאָמישע, נאָר אַ טרויעריגע. אַ מין טראַגי־קאָמעדיע.

## 54

# לא תגנוב!

**דעם אורח'ס בייטעלע מיט קליינגעלד.—ער בענעהט א גנבה און האט חרטה.—ווי אזוי ווערד מען פטור פונ'ם בייטעלע?**



ווישען די אורחים, וואס האבען זיך אבגעשטעלט ביי די ראבינאוויטשעס אין „איינפאהר,“ איז געווען איינער א בעשטענדיגער אורח, א איד א ליטוואק, א תבואה־הענדלער פון פינסק, מיט'ן נאמען וואלפסאהן. דער וואלפסאהן פלעגט איינשטעהן חדשים לאנג און האט זיך געהאט זיין שטענדיגען חדר, וואס מע האט איהם גערופען „וואלפסאנ'ס חדר“ (אפילו דעמאלט, ווען וואלפסאהן אליין איז גאר געווען אין פינסק). און אויך א סאמאוואר א בעזונדערען האט ער געהאט,— „וואלפסאהנ'ס סאמאווארעל.“ און געווען איז דער וואלפסאהן ביי די ראבינאוויטשעס א.מענש א היימישער, נעגעסען דאס, וואס אלע עסען, און אז די בעל־הבית'טע (די שטיעפמאמע) איז געווען עפּיס ניט אזוי אויפגעלעגט, האט ער געכאפּט פון איהר א פסק גלייך מיט אלעמען, ווי איין אייגענער . . . געטראגען האט ער אין שטוב א קורץ חאלאטעל, און אמאל איז ער געגאנגען גאר אהן א חאַ־לאט, און גערויכערט האט ער מורא'דיג גראבע געבלעטערטע סיגאַ־רען, און ליעב געהאט צו רעדען האלטענדיג די געבלעטערטע סיגאַ־רען אין מויל, די הענט אין די הויזען, און גערעדט, און גערעדט— נייען מאס רייד! דער חדר איז געווען אפען, דאס סאמאווארעל ביי'ם טיש, דאס טישקעסטעל צוגעשלאסען, נאר די שליסעלעד הענגען דערביי — א דרעה מיט'ן שליסעל, און דאס טישקעסטעל

איז אָפּען. וואָס אין טישקעסטעל טהוט זיך—ווייסען אלע. דאָרט געפינט זיך ביכער, בריעף, חשבונות און געלד. איין טייסטער אַ גרויסער, א גראָבער, אָנגעשטופּט מיט אסיגנאַציעס—ווער ווייס וויפיעל דאָרט איז! און א הויז דעם טייסטער—א לעדערן בייטעלע, איין אלטס, איין אָבגעקראָכענס, נאָר שטענדיג פול מיט קליין געלד, זילבערנע און קופּערנע מטבעות, אויך היבשליך—הלואי פערמאָגט דאָס אזא יונגעל, ווי שלום, חאָטש האלב, וואָלט איהם אויך גענוג געווען אויף צו קויפען די בעסטע פיעדעל אין דער וועלט . . .

ניט איין מאָל האָט וואָלפסאָהן געהאַט געעפענט דאָס טיש-קעסטעל פאר איטליכען אין די אויגען, און, ניט ווילענדיג, האָט שלום געכאַפּט א קוק אויפ'ן אָנגעפּאַקטען טייסטער מיט אסיגנאַ-ציעס און דערהויפּט אויפ'ן לעצטען לעדערן בייטעלע מיט מינץ, און זיין גרעסטער וואונש איז געווען, אז וואָלפסאָהן זאָל אמאָל פערליערען אָט דאָס בייטעלע און ער, שלום, זאָל דאָס געפינען. דאָס וואָלט געווען, ווי מע זאָגט, א כשר'ער טאָפּ מיט א כשר'ען לעפעל . . . „השבת אבידה" איז טאַקי איינע פון די גרויסע מצוות. נאָר פערמאָגען אָט אזא בייטעלע מיט קליין געלד איז נאָך מעהר מצוה . . . וויל ער אָבער ניט פערלירען, דער ליטוואַק! . . . פּועלט ביי זיך שלום און איז זיך מתיר נדר, אז ווען וואָלפסאָהן גיט איהם למשל די הויזען אויספּוצען און פערגעסט דאָרטען דאָס בייטעלע, וואָלט ער עס איהם א מכה אָבגעגעבען צוריק! ס'האָט זיך ארויס-געגליטשט פון קעשעני בשעת רייניגען—וואָס איז ער שולדיג?... איז אָבער וואָלפסאָהן אויך ניט קיין נאַר. אלע מאָל, ווען ער גיט די קינדער פּוצען די מלבושים, ליידיגט ער פריהער אויס אלע קעש-ענים—א ליטוואַק בלייבט א ליטוואַק! פערדריסט דאָס שוין שלום'ען. איז ער זיך מישב איין מאָל, אז ס'איז יאָ אזוי, אז פערלירען ניט און פערגעסען אויך ניט, בעדאַרף מען געבען א קוק אריין אין בייטעלע, חאָטש וויסען, וויפיעל קליינגעלד דאָרט גע-פינט זיך . . . און מיט דער דעה ניט חלילה אויף צו בעגעהן א

גנבה, נאָר גלאַט אזוי אויס נייגעריגקייט, האָט שלום איין מאָל אין א פריהמאָרגען אריינגעכאַפּט זיך צו וואָלפסאָהנען אין חדר׳על אריין, זיך ארומגעדרעהט א ווײלע, כלומרשט אויפגערוימט ביי׳ם טיש, בשעת דער ליטוואַק איז געשטאַנען אין זאַל מיט דער גראָבער בלעטערנער סיגאַר אין מויל און געגראַגערט. פונ׳ם דאָזיגען ארומ־דרעהען זיך איז אָבער נישט ארויסגעקומען גאָרנישט. ביי׳ם אָנ־ריהרען מיט דער האַנד די קאַלטע שליסעלעך, האָט זיך איהם אויס־געוויזען, אז דאָס בינטעל שליסעלעך האָט אויפגעהויבען א גוואַלד עד לב השמים, און עס האָבען איהם אָנגעהויבען ציטערען הענד און פיס. האָט ער זיך געגעבען א דרעה אויס און אוועק פון וואָלפ־סאָהנ׳ס חדר׳על מיט ליידיגע הענד.

דער ערשטער סעאַנס איז איהם ניט געראָטען, האָט ער גע־וואַרט אויף א צווייטען מאָל, זיך אליין אויסגעוואַרפען, אז ער איז א גנב. „ביזט א גנב, שלום! האָסט דו נאָר געהאַט איין מחשבה א שלעכטע, ביזט דו שוין א גנב! . . . א גנב! א גנב! . . .“

דער צווייטער סעאַנס האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג וואַרטען. וואָלפסאָהן האָט פיינט געהאַט זיצען איינער אליין ביי זיך מיט די פיער ווענט. אין זאַל זענען געווען נאָך אורחים. האָט ער בעסער פערבראַכט אין זאַל, געררויכערט און גערעדט ווי אלע מאָל. שלום האָט זיך ווידער אַמאָל אריינגעכאַפּט אין וואָלפסאָהנ׳ס חדר׳על. איצטיגס מאָל שוין מיט דער דעה ניט א קוק צו טהאָן, נאָר טאַקי עפּיס געניסען אויף. סאַי וסאַי א גנב . . . אריינגע־כאַפּט זיך, האָט ער זיך איבערגעבויגען מיט׳ן גאַנצען גוף איבער׳ן טיש, גלייך ווי ער וואָלט וועלען עפּיס דערלאַנגען פונ׳ם אנדערען ברעג טיש, מיט דער לינקער האַנט געגעבען א נעם דעם קאַלטען שליסעל, א דרעה רעכטס—דער שלאָס האָט זיך געעפענט מיט א שטילען קלאַנג—דזין!—און אנשווייגען געוואָרען. ער האָט געגע־בען א קוק אריין אינווענינג און איז געבליבען א פערציטערטער. צו ערשט האָט ער דערזעהען פאַר זיך דעם גראָבען טייסטער איין אָפּגע־נעם, פול און פול געפּאַקט מיט פּאַפּיער־געלד: צעהנערלעך רויטע,

פינפערלעך בלויע, דרייערלעך גרינע, און איינערלעך געלע—ווער ווייס, וואס דאס האט געקאנט בעטרעפען?! איין פאפירעל א רוי־טינקס ווען ער טהוט נאר א שלעפ ארויס פון דארטען—איז ער דאך שוין א געהאלפענער! ווער וועט זיך ארומקוקען? נעם זשע, שוטה, און שלעפ ארויס—ניין! קאן ער ניט! עס טרייסלען זיך איהם די הענד, עס קלאפט איהם א צאהן אויף א צאהן און עס פערציהט איהם דער אטעם. ער כאפט בעסער א קוק אויפ'ן לע־דערנעם בייטעלע—ס'איז געפאקט! ער וויל דאס א נעם טהאן—פאלגט איהם ניט די רעכטע האנד. עפענען דאס בייטעלע און ארויסנעהמען פון דארט עטליכע זילבערנע מטבעות וואלט אויך געווען נישקשה—איז צופיעל ארבייט. נעמען דאס בייטעלע און אריינרוקען דאס אין קעשעני—וועט מען זיך באלד ארומקוקען. דערוויילע די צייט שטעהט ניט און די מינוטען ציהען זיך. א מינוט א יאהר . . .. און דא דערהערט זיך א שאראך—אהא, ער שקרא־בעט שוין דער ליטוואק מיט די אויסגעטראטענע שטעק־שיך . . . א דרעה דעם שלאס מיט דער רעכטער האנד צוריק און לאזט זיך געהן פון חדר ווידער מיט ליידיגע הענד, רעכענט בעגעגענען זיך מיט עמיצען—צום סוף—ווער וואס? ניטא קיינער! געהן נאך אמאל צוריק—שוין צו שפעט. בעדארפט פריהער! דורכגעלאזט אזא געלעגענהייט . . . „ביזט א אידיאט, שלום! דו ביזט ביידע זאכען—אי א גנב, אי א אידיאט! . . ."

דער דריטער סעאנס, אין א צייט ארום, איז שוין גאר אבגע־לאפען גלאט. ער האט אויסגעמידען די פריהעריגע הכנות, ניט געמאכט קיין שיהות, נאר גלייך צום טיש, אויפגעעפענט דעם שלאס, אריינגעשטעקט די האנד אין שיפלאד, גענעבען א נעם דאס בייטעלע, געגעבען דאס א לאז אין קעשעני, צוגעמאכט צוריק דעם שיפלאד און אוועק מיט די ביכלעך אין קלאס אריין, דוקא ניט גע־כאפט זיך, דוקא פאוואלי, און, דאכט זיך, אזוי קאלטבלוטיג, כמעט שלעפעריג. נאר ארויסגעהענדיג פון שטוב האט ער דערפיהלט, אז דאס בייטעלע בריהט איהם דורך דער קעשעני דאס לייב, און

אז ער דאַרף עס ביי זיך ניט האַלטען בשום אופן ואופן! ווער שמועסט, דעם ערשטען טאָג—אודאי און אודאי ניט! און אנשטאַט דעם, ער זאָל געהן אין קלאַס, כאַפּט ער זיך אריין אין שטאַל אריין, דאָרט, וואו מע האַלט האָליע, אַנגעהאַקט האָליע, בויגט זיך אָן און טהוט א רוק אריין דאָס בייטעלע אין ווייטען, פינסטערען ווינקעל אריין, צווישען האָליע און צווישען דער וואַנט, מאַכט א סימן מיט'ן אויג, ער זאָל געדענקען דעם אָרט אַקוראַט—און מאַרש אין קלאַס אריין.

האָט זיך אייך געטראָפען ווען בעגעגענען איינעם מיט א פלאַ־מענדיג פנים, מיט ברענענדיגע אויגען, וואָס איז מאָדנע אויפגע־רוימט און איז גרייט פאַר אייך אין פייער און אין וואַסער, נאָר ער איז עפּיס צעטראָגען, אריינגעטהאָן אין זיך—זאָלט איהר וויסען, אז דער חברה־מאַן וויים עפּיס א זאַך, וואָס נאָר ער וויים און גאָט. און ווייטער קיינער ניט. אַט אזוי האָט אויסגעזעהן יענעם פריה־מאָרגען דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע. ער האָט אַלעמען געקוקט אין די אויגען אריין, ווי א זינדיגער מענש. עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אז אַלע זעהען, אז ער וויסט עפּיס זעהר־זעהר א הייליגען סוד... זיין חבר אלי, וואָס האָט איהם געקענט מעהר ווי אַלע, האָט איהם א פרעג געגעבען: „שלומאַנטשיק! וואָס איז מיט דיר? האָסט שוין ווידער עפּיס אויסגעמאַהלט א צאַצקע מיט א קריידעל אויף'ן פּאַרקאָן?..." „האַלט'ס מויל, אליק, ווארום אַט מאַהל איך דיר אויס א צאַצקע אויף דער פיזיאָנאָמיע, וועסט דו פערגעסען, ווי מע רופט דיך!"—„טאַקי?—אָנו, פּרוּף, לאָמיר זעהן, ווער וועמען!"—און אלי האָט שוין פערקאַטשעט די ארבעל, גרייט געווען צו געבען אויסגאַב, ווי ער קאָן. זיין חבר איז אָבער ניט געלעגען אין זינען שלאָגען זיך. זיין קאָפּ און אַלע זיינע גע־דאַנקען און אַלע זיינע חושים זענען געווען דאָרטען, אין שטאַל פון געהאַקטען האָליע, ביי'ם בייטעלע... פאַר גרוים אימפּעט האָט ער אפילו פערגעסען געבען א קוק אריין, וואָס אין בייטעלע טהוט זיך... ער האָט קוים דערלעבט די לעקציעס זאָלען זיך ענדיגען

און ער זאָל שוין קומען אַהיים, וועט ער זיך אַריינכאַפּען אויף אַ רגע'לע אין שטאַל, אַ קוק טהון האָטש פון אויבען־אויף—וויפיעל? וואָס פערמאָגט ער איצטער? . . .

געקומען אַהיים, האָט ער געטראָפען אַ חורבן, איין איבער־קעהרעניש! דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט איז צעוואָרפען, די קיך—מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. די שיקסע וויינט, שווערט, חאַפּט די ערד, אַז זי ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען. דער טאַטע איז אויס מענש, שוואַרץ ווי די ערד. אַזש איינגעבויגען אין דרייען. די שטיעפּמאַמע פייערט, שעלט, לעגט די תוכחה — אויף וועמען? שווער צו ווי־סען. ווארום די קללות געהען ביי איהר מיט אַ לשון־רבים, אין אַ מעהרצאָהל: „פון אונטער דער נאָז זאָל מען צונעמען—נעמען זאָל א י י ך דער שוואַרצער יאָהר!" „אַריין אַ בייטעל מיט געלד אין דער ערד אַריין—אין דער ערד זאָלט א י ה ר אַריין!" „קיי־נער האָט ניט געזעהען דאָס בייטעלע—ניט זעהן זאָלט א י ה ר די וועלט!" „וואָסער אורח וועט דאָ וועלען שטעהן—שטעהן זאָלט א י ה ר פּראָווצעם!" . . . און דער אורח אַליין, וואָלפּסאָהן מיט'ן חאַלאַטעל, שטעהט מיט דער גראָבער בלעטערנער סיגאַר אין מויל, האַלט די הענד אין די קעשענים, קוקט אויף די קינדער, שמייכעלט און רעדט צו זיך אַליין: „ערשט היינט אין דער פריה געהאַלטען די בייטעלע, פון שטוב ניט אַרויסגעגאַנגען . . ."

— האָט איהר ניט געזעהן דאָס בייטעלע?—פרעגט דער טאַטע ביי די קינדער, און שלום שטעלט זיך אַרויס פאַר אַלע:

— וואָסער בייטעלע? . . .

זעלטען ווען דער טאַטע איז אין כעס. איצט קאָן ער שוין ניט איינהאַלטען זיך און פאַלט אָן אויף זיין ליעבלינג און קרימט איהם איבער:

— „וואָסער בייטעלע?" וואָס זאָגט איהר אויף דעם תם? אַ גאַנץ פריהמאָרגען הערט ער „בייטעלע־בייטעלע!" „בייטעלע־בייטעלע!"—פרעגט ער גאָר: וואָסער בייטעלע! . . .

און צום אורח זאָגט דער טאַטע:

— וויפיעל פארט איז דארט געווען געלד ביי אייך אין בייטעלע?

— עס האנדעלט זיך ניט אום געלד,—ענטפערט וואלפסאהן אויף זיין ליטוויש לשון—דא האנדעלט זיך אום די בייטעלע! ערשט היינט אין דער פריה געהאלטען די בייטעלע, ניט ארויסגעגאנגען פון שטוב ניט ארויסגעגאנגען! . . .

ניין, איצט איז ניט די צייט אויף געוואוירע צו ווערען, וויפיעל געלד עס געפינט זיך אין בייטעלע. שלום איז ניט אזא אידיאט, ער זאל איצטער, אויף דער הייסער שעה, געהן אין שטאל אריין טרויבערען דאס בייטעלע. ער קאן בעשטעהן אפלעגען די ארבייט אויף מארגען, אדער אויף איבערמארגען. דערווייל דארף מען זיך נעמען צו די ביכלעך, חזר׳ען די געאגראפיע מיט דער היסטאריע אויף אויסוועניג, מאכען א פאר טעארעמעס פון געאמעטריע . . . נעבאך גאט די נשמה שולדיג—און דא אין שטוב קאכט זיך! די שיקסע האט מען שוין אפגעשאפט. די שטיעפמאמע פייערט. דאס גאנצע הויז איז אויף רעדלעך. אלע זוכען דאס בייטעלע, און שלום זוכט גלייך מיט אלעמען, טהוט א קוק אויפ׳ן טאטענ׳ס פנים, און עס פערגעהט איהם דאס הארץ, קאן ניט זעהן, ווי ער געהט איינגעבויגען, קאן ניט הערען, ווי ער זיפצט און ווי ער קרעכצט. און ערשט דא דערפיהלט דער גנב, וואס פאר א מאוסע זאך ער האט אבגעטהאן, און ער האט חרטה אויף דער מעשה, איז אויפגעטראגען אויפ׳ן יצר הרע, וואס האט איהם אנגערעדט אויף אזא עבירה, ארויפגעפיהרט אויף א גליטש . . .

ווי א יאהר האט זיך געצויגען יעדע שעה, ווי איין אייביגקייט האט אויסגעוויזען דער טאג. קוים דערלעבט דעם פארנאכט, ווען דער רעש מיט׳ן טאראראם האבען זיך א ביסעל איינגעשטילט און די שטוב־צרות מיט די דאגות פרנסה האבען ארויסגעשטויסען אויף א וויילע דעם הארמידער פון דער גנבה, האט זיך דער קליינער גנב אריינגעחאפט אין הויף, אריינגעחאפט זיך אין שטאל פון האלץ, פאוואלי זיך אראפגעלאזט אויף דער ערד, ארויסגעצויגען פון צווי־

שען וואנט דאָס בייטעלע, אויפגעעפענט דאָס, געגעבען א קוק אריין און . . . דאָרטען איז געלעגען איין אלטע, אָפּגעריבענע מטבע פון פאַרצייטען, וואָס האָט אמאָל געדאַרפט בעטרעפען צעהן קאָפּיקעס, נאָר היינט איז זי ניט ווערטה גאָרניט, ווארום קיינער נעמט זי ניט! . . . און דאָס בייטעלע אליין איז אויך ניט ווערטה גאָרניט. א בייטעלע א פערזועהעניש, א שלעסעל דער רוח ווייסט וואָסערס, דאָס לעדער אָפּגעבאַרעט און פעט־פערסמאַלציוועט, ביי די ברעגעס איינגעקאָרטשעט און פערגעלט, ווי ביי איין אלטע באָביצע די הויט פון פּנים—אזא בייטעלע האַלטען אין די הענד איז מוקצה מחמת מאוס! . . . טאַקי כדאי געווען צוליעב אזא פּאסקודסטווע אָפּטהון אזא מאוסע זאַך, עובר זיין אויף א לאו פון די עשרת הדברות „לא תגנב“! . . .

אריינגעקומען אין שטוב אריין, איז איהם די שטיעפמאמע מכבד מיט אריינטראָגען דעם אורח דעם סאמאָוואר. דער אורח (וואָלפסאָהן) האָט א טבע איטליכם מאָל, ווען מע טראָגט איהם אריין דעם סאמאָוואר, רייבט ער א האנד אָן א האנד און טהוט א זאָג מיט א נגון און מיט א גראַם: „אָט אזוי! אצינד וועלען מיר טרינקען טיי!“ . . . איצטיגס מאָל האָט ער צוגעלעגט אויך די ווערטער: „וואָס זשע הערט זיך—ניטאָ דאָס בייטעלע?“ . . . און האָט געגעבען בעת מעשה א קוק אריין דעם בחור'על אין די אויגען אריין, און עס האָט זיך געלאָזט הערען א פערבאָרגענע איראָניע סאַי אין די ווערטער, סאַי אינ'ם קוק . . . און אפשר האָט זיך עס נאָר אויסגעוויזען אזוי? ווי זאָגט מען דאָס: „עס ווייסט די קאַץ וועמענס פלייש זי האָט אויפגעגעסען“ . . . אָדער: „אויפ'ן גנב ברענט דאָס היטעל“ . . . יעדענפאַלס, האָט דער גנב אין דער מי־נוט פיינט געהאַט דעם אורח וואָלפסאָהן מיט סכנות, נישט געקאָנט אָנקוקען זיין ליטוויש פּנים מיט זיין ליטווישען לשון: „די בייטע־לע,“ און ער האָט זיי ביידען ביי זיך אין הארצען געשאָלטען מיט קללות נמרצות! . . . וואָס טהוט מען מיט'ן פערשאָלטענעם ביי־טעלע? ס'איז ניט קיין תכלית, טאָמער געפינט מען דאָס אין שטאָל

